פַּאדוּאַ און אַנְקאָנַא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בְּלִיהֶען. אִין נַאנְצֶען רוּהִיג זַיינְען אָבֶּער דִי יוּדֶען אִין אִיטַאלְיֶען נִיט גֶעוֶוען, וַוייל עֶס אִיז גֶעוֶוענְדְט גֶעוֶוען אִין דֶעם ווִינְטֶעל ווָאס הָאט גֶעבְּלָאזֶען פוּן אוֹיבֶּען: דָאס פָאלְק הָאט טַאקִי צוּ זֵיי גָאר נִיט גֶעהַאט, נָאר קוֹים אִיז דִי מְלוּכָה גֶעוֶוען אַשְׁלֶעכְטֶע הָאט מֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵיי טְשֶׁעפֶּען גָאר אָהְן אַפַּארְוָואס. דַארִיבֶּער אִיז קֵיין ווּאוּנְדֶער וָואס נָאר פְלוּצְלוּנְג הָאט מֶען אִיהְם יָאהְר 1516 אַיינְגֶעפִיהְרְט אַז אִין אַלֶע אִיטַאלְיֶענִישֶׁע שְׁטֶעדְט זָאלֶען דִי יוּדֶען הָאבֶּען זַייעֶר אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט אָרְט, וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען „גְהֶעטָא“.

דִי מִשְׁפָּחָה אַבְּרַבַּנְאֶל הָאט אִין אִיטַאלְיֶען אַלַאנְגֶע צַייט גֶעשְׁפִּילְט זֶעהְר אַגְרוֹיסֶע רָאלֶע, חָאטְשׁ דֶער אַלְטֶער דוֹן יִצְחָק אַבְּרַבַּנְאֶל הָאט שׁוֹין דָארְט נִיט פִיל גֶעלֶעבְּט אוּן זַיין עֶלְטֶערֶער זוּהְן לֶעאָן מֶדִיגוֹ הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען דֶערְוַוייטֶערְט פוּן קָהָל׳שֶׁע זַאכֶען אוּן הָאט זִיךְ נָאר אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט ווִיסֶענְשַׁאפְט. פוּן דִי דְרַיי בְּרִידֶער הָאט אִין אִיטַאלְיֶען מֶעהְר גֶעקְלוּנְגֶען דֶער נָאמֶען פוּנ׳ם יוּנְגְסְטֶען ר׳ שְׁמוּאֵל אַבְּרַבַּנְאֶל, וָואס הָאט גֶעלֶעבְּט קָרוֹב צוּ אַכְטְצִיג יָאהְר אוּן הָאט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען גֶעאַרְבַּייט נָאר פַאר יוּדֶען אוּן פַאר דֶער טוֹבָה פוּן דֶער מְדִינָה, וָואס אִיז בַּיי אִיהְם גֶעוָוארֶען דָאס צְווֵייטֶע פַאטֶערְלַאנְד. פוּנ׳ם פָאטֶער הָאט עֶר גֶעיַרְשׁ׳ט דִי גְרוֹיסֶע פֶעהִיגְקַייטֶען וֶועגֶען פִינַאנְץ זַאכֶען אוּן אַז עֶר אִיז פוּן סַאלוֹנִיקִי צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קֵיין נֶעאַפֶּעל הָאט אִיהְם דֶער ווִיצֶע קֶענִיג דוֹן פֶּעדְרָא דֶע טוֹלֶעדָא גֶעגֶעבֶּען זֶעהְר אַשֵׁעהְנֶע שְׁטֶעלֶע, וָואס הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אִי כָּבוֹד, אִי עֲשִׁירוּת. ר׳ שְׁמוּאֵל אַבְּרַבַּנְאֶל אִיז נָאךְ אָבֶּער גְלִיקְלִיכֶער גֶעוֶוען מִיט זַיין פַאמִילְיֶען־לֶעבֶּען: זַיין פְרוֹי בֶּענְוֶוענִידַא אִיז גֶעוֶוען שֶׁעהְן, קְלוּג, גוּט אוּן פְרוּם, אוּן דָאס עֶדֶעלֶע פָאר פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעקוֹיפְט לִיבְּשַׁאפְט בַּיי יוּדֶען אוּן בַּיי קְרִיסְטֶען אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט מִיט זֵיי. בֶּענְוֶוענִידַא׳ן הָאט דֶער שֵׁנִי לְמֶלֶךְ גֶעבֶּעטֶען זִי זָאל עֶרְצִיהֶען זַיין טָאכְטֶער לֶעאָנָארַא אוּן אַז פוּן דֶער קְלֵיינֶער לֶעאָנָארַא אִיז שְׁפֶּעטֶער אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען דִי גְרוֹיסֶע הֶערְצָאגִין פוּן טָאסְקַאנָא הָאט זִי נָאךְ אַלְץ גֶעדֵיינְקְט אִיהְר יוּדִישֶׁע עֶרְצִיהֶערִין, זִי הָאט זִי שְׁטֶענְדִיג גֶערוּפֶען „מוּטֶטֶער“ אוּן אִיהְר צוּלִיב הָאט זִי דִי יוּדֶען גֶערֶעכֶענְט פַאר „בְּרִידֶער“.

אָנַדַאי זַיינֶען דִי אִיטַאלְיֶענִישֶׁע יוּדֶען גֶעוֶוען מַאגְנַאטֶען גֶעגֶען זַייעֶרֶע דַייטְשֶׁע בְּרִידֶער. סַךְ הַכֹּל אִיז אִין דַייטְשְׁלַאנְד גֶעוֶועהְן נָאר ווֶיינִיג יוּדֶען, וַוייל פוּן קֶעלְן, מַאיְנְץ, אִיגְסְבּוּרְג אוּן גַאנְץ שְׁוַואבֶּען הָאט מֶען זֵיי שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, נָאר דִי גֶעצֵיעהְלְטֶע, וָואס זַיינֶען נָאךְ אִין עֶטְלִיכֶע עֶרְטֶער

געבליבען, האבען זיך אויך ניט געקענט גליקליך שעטצען מיט זייער לאגע. דער קייזער פרידריך דער דריטער, וואס דער בעריהמטער למדן ר׳ יעקב בן יחיאל לאאנס איז ביי איהם געוועזען אגרויסער חשוב, האט זיי אפילו געוואלט שיצען, און פאר׳ן טויט האט ער צוואה געלאזט דעם זוהן ער זאל די יודען אבהיטען פון שלעכטס, נאר פון דעסטוועגען איז די מלוכה ניט אים שטאנד געוועזען גובר צו זיין די שנאה פונ׳ם פאלק און דער קייזער מאקסימיליאן האט זיך נאר בענגיגט דערמיט וואס ער האט געמאכט ר׳ יאזעלין לאאנס פון ראסהיים פאר איודישען בעל טענה, דאס הייסט, ער האט געמוזט געבען אשבועה אז אין אלע זאכען וואס מען וועט איהם פרעגען וועגען יודען וועט ער זאגען דעם ריינעם אמת. דאס וואס די דייטשע יודען האבען פאר זיך געמוזט האבען אמליץ ישר—בעווייזט אז אלע מאל האט מען אויף זיי עפיס אנדערס אויסגעטראכט און יעדען טאג איז אויס־געוואקסען אנייע שאלה, וואס מען האט זיי בעדארפט פארענטפערען. דער קייזער מאקסימיליאן איז געוועזען אמענש מיט זעהר אשוואכען חאראקטער, יעדער האט איהם געקענט בויגען וואוהין ער האט נאר געוואלט און דערפאר איז די יודען אין זיין צייט שטארק ביטער געווארען. אז עס האבען זיך געפונען אפאר ערעלע מענשען, וועלכע האבען איהם אויפגעקלעהרט אז עס איז אישר מען זאל די יודען פריינדליך בעהאנדלען, האט ער ניט געערדט קיין אנדער ווארט און איז באלד בעשטאנען דארויף; נאר קוים זיינען טאקי אין אמינוט ארום געקומען די גייסטליכע און האבען איהם איינגערעדט אז די יודען זיינען שעדליך און אז עס איז אגרויסע מצוה זיי אנצוטהון צרות, האט ער שוין געשאקעלט מיט׳ן קאפ און האט געגלויבט אין אלע ליגענס וועגען בלוט אויף פסח און האסטיעס, וואס מען האט איהם נאר פארגעזאגט. אז די מלוכה איז איינגע־שטאנען ביי אזא ווינד אין פעלד, האבען זיך די שונאי ישראל רעכט צופיהרט די הענד, מען האט געגזל׳ט און געהרג׳ט און עס איז אזוי ווייט געקומען, אז די דייטשע יודען האבען שוין אנגעשריבען אבעזונדער ודוי, ווייל כמעט יעדען טאג פלעגען יודען מקדש השם זיין. פאר מאקסימיליאן איז די זאך געוועהן ווי געפונען. אויף אזוי פיל איז ער געוועזען זעלבסטשטענדיג אז ער האט גערש׳ט דאס פערמעגען פון די יודען, וועלכע האבען זיך פערלאזט אויף איהם און דערפאר האבען זיי דערפאר מיט׳ן לעבען בעצאהלט.

די איינוואהנער פון נירענבערג, וואס די יודען זיינען ביי זיי געוועזען ווי אדארן אין אויג, האבען אצונד געפונען אשעת הכשר זיך נוקם צו זיין

אִין זַיי און הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְלָאגְט פַאר'ן קֵייזֶער מַאקְסִימִילְיַאן אַז דִי יוּדֶען זַיינֶען מְגַיֵר פִיל קְרִיסְטֶען, אַז זֵיי בֶּערַייסֶען דָאס פָאלְק דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסֶען פְּרָאצֶענְט בַּיי הַלְוָאוֹת, און אַז זַיי בֶּעהַאלְטֶען און קוֹיפֶען אָב אַלֶע גְנֵבוֹת. דֶערְצוּ הָאט נָאךְ אֵיינֶער פוּן דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, דֶער רַייכֶער אַנְטָאנִיוּס קָאבֶּערְגֶער גֶעלָאזְט אָבְּדְרוּקֶען אוֹיף זַיין רֶעכְנוּנג דָאס בּוּךְ פוּן דֶעם שְׁפַּאנִישֶׁען גַייסְטְלִיכֶען אַלְפָאנְסָא דֶע סְפִּינַא, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיף יוּדֶען אוֹיסְגֶערֶעדְט כָּל הָרָעוֹת, און הָאט עֶס צוּטְהֵיילְט אִין פָאלְק כְּדֵי דִי שִׂנְאָה זָאל נָאךְ דוּרְךְ דֶעם גְרֶעסֶער וֶוערֶען. מַאקְסִימִילְיַאן הָאט זֵיי בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען אֵיין עֶרְלוֹיבְּנִישׁ אַז זֵיי מֶעגֶען טְהוּן מִיט דִי יוּדֶען וָואס זֵיי ווִילֶען און עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל זֵיי גֶעבֶּען צַייט פִיר חֲדָשִׁים בִּיז זֵיי זָאלֶען אִין גַאנְצֶען אַרוֹיס פוּן דֶער שְׁטָאדְט. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעפּוֹעֵל'ט, אִי דָאס הָאט פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען גֶעטַעֲנֶה'ט זַייעֶר אַבַּעַל טוֹבָה ווִילִיבַּאלְד פִּירְקְהֵיימֶער, מֶען זָאל זֵיי גֶעבֶּען צַייט נָאךְ אוֹיף דְרַיי חֲדָשִׁים, און דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט אַלֶע, אִים יָאהְר 1599, אַוֶועק פוּן נִירִינְבֶּערג, וָואס הָאט גֶעמַאכְט אַתַּקָנָה אַז מֶעהְר זָאל מֶען קֵיין יוּדֶען אַהִין נִיט אַרַיינְלָאזֶען און אַלֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער און שׁוּהְלֶען זָאל צוּנֶעהְמֶען דִי מְלוּכָה.

אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִי יוּדֶען פוּן אוּלְם, נֶארְדְלִינְגֶען, קָאלְמַאר און מַאגְדֶענְבּוּרְג. עֶס זַיינֶען נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען דְרַיי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת אִין רֶעגֶענְשְׁבּוּרְג, וָוארְמְס און פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאיְן. נָאר דִי רֶעגֶענְשְׁבּוּרְגֶער קְרִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ מְתַקֵנְא גֶעוֶוען אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט און הָאבֶּען אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹדֵף'ן דִי יוּדֶען. עֶס אִיז אַזוֹי וַוייט גֶע- קוּמֶען אַז מֶען הָאט יוּדֶען נִיט גֶעוָואלְט פֶערְקוֹיפֶען קֵיין בְּרוֹיט און קֵיין מֶעהְל, אוֹיפ'ן מַארְק הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט גֶעטָארְט אַרוֹיסְוַוייזֶען, און זֶעהְר אָפְט פְלֶעגֶען זֵיי זִיצֶען הוּנְגֶערִיג און מִיט גֶעלְד אִין דִי קֶעשֶׁענֶעס. אַזַא לַאגֶע הָאט לַאנְג נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְטֶען און דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט צוּלוֹיפֶען נָאךְ אֵיידֶער עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער בֶּעפֶעהְל מֶען זָאל זֵיי אַרוֹיסְטְרַייבֶּען.

דִי בֶּעהְמִישֶׁע יוּדֶען זַיינֶען נִיט גֶעוֶוען גְלִיקְלִיכֶער פוּן דִי דַייטְשֶׁע. אִין פְּרַאג פְלֶעגְט אָפְט דָאס פָאלְק אָנְפַאלֶען אוֹיף דֶער יוּדִישֶׁער גַאס און רַאבֶּעוֶוען, און נִיט אֵיין מָאהְל הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען גֶעבֶּעטֶען דֶעם קֶענִיג לַאדִיסְלוֹיס עֶר זָאל זֵיי בֶּעפְרַייעֶן פוּן דִי יוּדֶען, דֶער קֶענִיג אִיז גֶעוֶוען פֶערְטִיג זֵיי עֶס צוּלִיבּ צוּ טְהוּן, נָאר דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע לַייט אַסַךְ גוּטֶע פְרַיינְד און מֶען הָאט דִי זַאךְ פֶערְרִיבֶּען. אִין פְּרַאג הָאט ר' גֵרְשׁוֹן כֹּהֵן, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער אִיטַאלְיֶענִישֶׁער מִשְׁפָּחָה זָאנְטְשִׁין, וֶועלְכֶע הָאט

זיך בעשעפטיגט מיט בוכדרוקעריי, געעפענט, אים יאהר 1503, א יודישע דרוק וואס האט נור געדרוקט סדורים; קיין אנדערע ספרים, אפילו תלמוד האט מען דעמאלט ניט בעדארפט, ווייל אין דייטשלאנד זיינען געווען גאר ווייניג לומדים און אויסער דעם בעריהמטען רב ר' יעקב פאלאק, וואס האט אין איירָאפא געשפילט די איינענע ראלע ווי ר' יעקב בי־רב אין אזיען, איז קיינעם ניט אין זין געווען זיך אבצוגעבען מיט לערנען.

גוט איז געווען די יודען אין פוילען און אויך אין ליטא, ווייל דארט האט דאס פאלק ניט געהאט אזא שטארקע דעה, די קאטוילישע גייסט־ליכע האבען גאר ניט געקענט מאכען מיט'ן גיפט, וואס זיי האבען ארײנ־געלאזט, און ביי די פריצים איז דער יוד געווען תקיף און ביי זיי אלדינג אויסגעפיהרט. די פוילישע יודען זיינען אויך געווען זעהר נוצליכע איינוואהנער און אויסער ערדארבייט האבען זיי זיך בעשעפטיגט מיט מלאכה און מסחר. די גוטע געזעצע, וואס דער קעניג קאזימיר האט איינגעפיהרט, האבען געשיצט די יודען, און ווען זיינע ביידע זיהן, יאהאן אלבערט און אלעכסנדער, האבען זיך געפראובט א ביסעל צו פערקלענערען די רעכטע פון די יודען, איז עס געווען גאר אויף א קורצער צייט, און אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צום קעניג סיגיזמונד דעם ערשטען, וואס האט געהערשט מעהר פון פערציג יאהר, איז דער מעמד פון די יודען געווארען נאך בעסער. זיי האבען גאר בעדארפט צאהלען מס און ווייטער האט זיך די מלוכה גאר צו זיי ניט געמישט, די רבנים האבען געהאט די גאנצע מאכט און דאס אינווייניגסטע יודיש לעבען האט זיך געפיהרט פריי און זעלבסטשטענדיג.

ניט אומזיסט האבען זיך געלאזט קיין פוילען די אומגליקליכע יודען פון אנדערע לענדער און בעזאנדערס פון דייטשלאנד. די צאהל פון די דייטשע יודען וואס האבען זיך בעזעצט אין פוילען איז געווען אזוי גרויס אז די יודען, וואס האבען דארט געוואהנט פון פריהער, האבען זיך געגען זיי גאר ניט אנ־געזעהן. עס האט גאר ניט געדויערט, האבען די דייטשע יודען אנגעהויבען שפילען אין פוילען א גרויסע ראלע און האבען כמעט ווי איינגעשלונגען זייערע פוילישע ברידער. די פוילישע יודען האבען אבער דארויף קיין חרטה ניט גע־האט, ווייל די דייטשע האבען מיט זיך מיט געבראכט דעם טהייערשטען אוצר, וועלכען די שונאים האבען ניט געקענט ביי זיי אבראבעווען, די תורה. עס האבען זיך אשאט געגעבען פון בייערן, שוואבען, בעהמען און עסטרייך גרויסע לומדים, זיי האבען אין אלע שטעדט געעפענט ישיבות

און יודישע קינדער האבען ווייטער אנגעהויבען לערנען גמרא און ארויסזוכען זייערע חריפות. אחוץ דעם האבען די דייטשע יודען געמאכט אז אלע יודען פון פוילען און ליטא זאלען זיך בעדינען מיט דער דייטשער שפראכע, ווייל זיי האבען געוואלט אז פונקט ווי די ספרדים האבען אומעדום, וואו זיי זיינען נאר פערטריבען געווארען, איינגעפיהרט מען זאל נאר ריידען שפאניש, אזוי זאלען אלע, וואס וואהנען אינאיינעם מיט די אשכנזים, נאר ריידען דייטש. דאס האבען זיי געטהון אומיסטען כדי די פערשידענע לשונות זאלען ניט אבזונדערן די יודען אין יעדען לאנד און עס זאל צווישען זיי קענען זיין מעהר אחדות. פון יענער צייט אן האט עברי־טייטש אנגעהויבען הייסען „יודיש“ און אלע יודען פון די סלאווישע לענדער האבען בעקומען אבעזונדער לשון, וואס האט זיי שוין ניט געלאזט זיך אויסמישען מיט אנדערע און האט שטארק בעפעסטיגט צווישען זיי די ליבע צו זייער פאלק און צו זייער אמונה.

---

# די צייט פון דער רעפארמאציאן.

## 1 די מענשענפריינדע און די רעפארמאציאן.

(1500—1530 נאך קריסטוס געבורט).

די רעפארמאציאן, דאס הייסט: איבערמאכען איין אלטע זאך וואס האט אין זיך חסרונות אויף אנייער מיט מעהר מעלות, האט זיך דווקא אנגעהויבען אין דייטשלאנד, ווייל דארט האט מען זיך פריהער ווי ערגיץ אנדערש ארומגעקוקט, אז די קאטאלישע גייסטליכע ציהען איבער דעם בויגען מיט זייער הנהגה, מיט זייער בערייסען די וועלט, מיט דער שרעקליכער שנאה וואס זיי מאכען אן, און מען האט זיך גענומען אויסבעסערן די פעהלער און איינפיהרען אזעלכע דינים, וואס זאלען מעהר פאסען פאר דער אמונה, וועלכע איז פון אנהויב אן געבויט אויף מענשענליבע. אביסעל האבען די יודען געהאט אנגיעה אין דער רעפארמאציאן, ווייל די איינענע, וואס האבען געפרעגט שאלות אויפ'ן תלמוד און געפונען דארט חסרונות, האבען שוין קיין כבוד ניט געלייגט אויף קריסטליכע הייליגע ספרים און האבען דארט אויך אבגעזוכט ניט ריינע זאכען, וואס האט זיי געמוזט קשה זיין. דערפאר האבען די יודען אויך גע־נאסען דעם זכות, און אז עס האט אנגעהויבען ליכטיגער ווערען האט זיך זייער

לַאנְגֶע גֶעווִיס פֶערְבֶּעסֶערְט. נָאר אֵיידֶער עֶס וֶוערְט טָאג מוּז זִיךְ נָאךְ דִי פִינְסְטֶערְנִיס פֶערְשְׁטַארְקֶען, אוּן דַארִיבֶּער הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעהַאט גֶענוּג צָרוֹת בִּיז עֶס הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען עֶפֶּעס אַ יְשׁוּעָה.

אֵיינֶער פוּן דִי רְשָׁעִים, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען טַאקִי פוּן יוּדֶען אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאט אַ לַאנְגֶע צַייט צוּ גֶעדֵיינְקֶען, אִיז גֶעוֶוען יוֹסֵף פְּפֶעפֶּערְקָארְן, אַ גְרָאבֶּער יוּנְג אַ קַצָב, וָואס מֶען הָאט אִיהְם גֶעחַאפְּט מִיט אַ גְנֵבָה אוּן עֶר הָאט זִיךְ בֶּעפְרַייהְט פוּנ'ם עוֹנֶשׁ דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ צוּזַאמֶען מִיט וַוייבּ אוּן קִינְדֶער גֶעלָאזְט טוֹיפֶען, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוֶוען קָרוֹב צוּ פֶערְצִיג יָאהְר. אָט דִי טְהַייעֶרֶע מְצִיאָה הָאבֶּען אִין קֶעלְן אוֹיפְגֶעחַאפְּט דִי קַאטוֹילִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע, ווִי דֶער אִינְקְווִיזִיטָאר הָאכְשְׁטְרַאטֶען אוּן אַרְנָאלְד פוּן טוּנְגֶערְן, וָואס הָאבֶּען גֶעדַאנְקְט גָאט וֶוען עֶר הָאט זֵיי בֶּעשֶׁערְט עֶפֶּעס אַ נַייעֶם גֶעטוֹיפְטֶען יוּדֶען עֶר זָאל קֶענֶען זַיין אֵיין עֵדוּת גֶעגֶען זַיינֶע בְּרִידֶער אוּן מַאכֶען אוֹיף זֵיי בִּלְבּוּלִים. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט דֶעמָאלְט גֶעאַרְבַּייט גֶעגֶען דִי יוּדֶען אַרְטוּאִין דֶעגְרַאעֶס, וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין אוּנְטֶערְהִיצֶען דָאס פָאלְק מִיט בִּיכֶער, וָואס זַיינֶען פוּל גֶעוֶוען מִיט שְׁקָרִים אוּן כְּזָבִים. דִי בִּיכֶער אִיז עֶר אָבֶּער אַלֵיין נִיט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶוען צוּ שְׁרַייבֶּען: ווִי וֵוינִיג קוּנְצֶען מֶען דַארְף הָאבֶּען דַארוֹיף אַז מֶען זָאל רֵיידֶען שְׁלֶעכְטְס אוֹיף יוּדֶען מוּז מֶען חָאטְשׁ, פוּן יוֹצֵא וֶועגֶען, אָנְווַייזֶען אַ פָּסוּק פוּן תּנ"ךְ, אַ מֵימְרָא פוּן גְמָרָא אוּן דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ אַזֶעלְכֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען פַאר גֶעלְד פֶערְקוֹיפְט דָאס בִּיסֶעל תּוֹרָה, וָואס עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען צוּ זַיינֶע בִּיכֶער. פְרִיהֶער הָאט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען אַ גֶעוֶועזֶענֶער רַב, וָואס הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט אוּן אַוֶועגְגֶעוָוארְפֶען אַ גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוֶוען פוּפְצִיג יָאהְר, וִויקְטָאר פָאן קַארְבֶּען. נָאר, ווִי עֶס שַׁיינְט, הָאט אַרְטוּאִין דֶעגְרַאעֶס נִיט גֶעהַאט קֵיין גְרוֹיס נַחַת פוּנ'ם רַב'ס לַמְדָנוּת אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּם קַצָב אוּן הָאט אוּנְטֶער פְּפֶעפֶּערְקָארְנ'ס נָאמֶען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בּוּךְ, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען „דֶער שְׁפִּיגֶעל". אִין דֶעם בּוּךְ הָאט פְּפֶעפֶּערְקָארְן אוֹיפְגֶעטְהוּן אַזַא הַמְצָאָה: עֶר הָאט זִיךְ קְלָאמֶערְשְׁט גֶעוֶוענְדֶעט צוּ דִי קְרִיסְטֶען מִיט אַ בַּקָשָׁה זֵיי זָאלֶען לֶעבֶּען ווִי בְּרִידֶער מִיט דִי יוּדֶען, זֵיי נִיט שְׁלָאגֶען נִיט רַאבֶּעוֶוען, ווַייל זֵיי זַיינֶען אֵייגֶענְטְלִיךְ גָאר נִיט אַזוֹי שׁוּלְדִיג, דִי גַאנְצֶע עַוְלָה אִיז נָאר וָואס זֵיי גֶעהְמֶען פְּרָאצֶענְט אוּן ווִילֶען נִיט גֵיין אִין דִי קִירְכֶען הֶערֶען דִי דְרָשׁוֹת פוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע, אוּן דָאס הָאט נָאר דֶער תַּלְמוּד אָנְגֶעאַרְבַּייט; עֶר הָאט זֵיי אַרָאבְּגֶעפִיהְרְט פוּנ'ם וֶועג אוּן דַארִיבֶּער דַארְף מֶען זֶעהְן אַז פוּן דֶער גְמָרָא

זָאל קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען. מִיט אַזַא אוֹיסְרֵייד הָאט פְּפֶּעפֶּערְקָארְן גֶעוָואלְט בֶּעשַׁייעֶן דִי אַלְטֶע גְזֵרָה וֶועגֶען פֶערְבְּרֶענֶען דֶעם תַּלְמוּד און הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז מִיט זַיין בּוּךְ וֶועט עֶר עֶס פּוֹעֵל'ן בַּיי דֶער מְלוּכָה. דִי יוּדֶען זַיינֶען אָבֶּער קֵיין מָאהֵל קֵיין נַארָאנִים נִיט גֶעוֶוען, זֵיי הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס פַאר אַבַּעַל טוֹבָה פְּפֶּעפֶּערְקָארְן קֶען זֵיי זַיין, און וָואס פַאר אַגִיפְט עֶס לִיגְט אִין זַיינֶע זִיסֶע דִבּוּרִים, און הָאבֶּען בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַקוֹל, אַז דָאס אִיז מֶעהְר נִיט וִוי אֵיין אוֹיפְטֶהוּא, כְּדֵי מֶען זָאל בַּיי זֵיי רַייסֶען גֶעלְד. דֶערְמִיט הָאבֶּען זֵיי פְּפֶּעפֶּערְקָארְן אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער הָעֲזָה, עֶר הָאט בַּאלְד אַרָאבְּגֶענוּמֶען דִי מַאסְקֶע פוּן יֹשֶׁר און אִיז שׁוֹין אַרוֹיס גֶעגֶען דִי יוּדֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער רִשְׁעוּת; עֶר הָאט אַרוֹיס־גֶעלָאזְט עֶטְלִיכֶע נַייעֶ בִּיכֶער און הָאט דָארְט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז דִי יוּדֶען זַיינֶען הֶפְקֵר־מֶענְשֶׁען, אַז עֶס אִיז דִי גְרֶעסְטֶע מִצְוָה זֵיי צוּ בְּרֵיינְגֶען אוֹיפ'ן פַייעֶר, אַז מֶען דַארְף בַּיי זֵיי צוּנֶעהְמֶען אַלֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים און דִי קִינְדֶער מוּז מֶען מִיט גֶעוואַלְד טוֹיפֶען.

דִי צַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער פָּארְט אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען. פְרִיהֶער וָואלְט פְּפֶּע־פֶּערְקָארְן גָאר נִיט בֶּעדַארְפְט אַזוֹי פִיל טַעֲנֶה'ן, עֶר וָואלְט אָהְן בִּיכֶער און גָאר אָהְן רְאָיוֹת גֶעפִינֶען אַסַךְ בַּעֲלָנִים אוֹיף יוּדֶען צוּ שְׁלָאגֶען, נָאר אַצוּנְד אִיז עֶס אִיהְם זֶעהְר שְׁוֶוער אָנְגֶעקוּמֶען, וַוייל דִי מְלוּכָה הָאט אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען און צוּ דִי גְרוֹיסֶע עֶדֶעלְלַייט, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט בַּיי זִיךְ יוּדִישֶׁע דָאקְטוֹירִים און אַנְדֶערֶע חֲשׁוּבִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶעקְלֶעהְרְט וָואס פַאר אַנֶפֶשׁ פְּפֶּעפֶּערְקָארְן אִיז הָאט עֶר קֵיין שְׁלִיטָה נִיט גֶעקֶענְט הָאבֶּען. אַז פְּפֶּעפֶּערְקָארְן מִיט זַיין חֶבְרָה הָאבֶּען דֶערְזֶעהְן אַז זֵייעֶר גַאנְצֶע מִיה קֶען זַיין אוּמְזִיסְט, זַיינֶען זֵיי גֶעפַאלֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶער שֵׂכֶל און הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט גָאר אַנַייעֶם וֶועג צוּם קֵייזֶער מַאקְסִימִילְיַאן: אִין מִינְכֶען הָאט גֶעוָואהְנְט אִין אַקְלוֹיסְטֶער (מָאנַאסְטִיר) דֶעם קֵייזֶער'ס שְׁוֶועסְטֶער קוּנִיגוּנְדֶע, וָואס הָאט אִין דֶער יוּגֶענְד גֶעהַאט גֶענוּג צָרוֹת און, אַז זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין אַלְמָנָה הָאט זִי זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעזָאגְט פוּן דֶער וֶועלְט און הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ פְרוּמְקַייט. אָט צוּ דֶער פְרוּמֶער פְּרִינְצֶעסִין הָאט מֶען אַוֶועגְגֶעשִׁיקְט פְּפֶּעפֶּערְקָארְן מִיט גְרוֹיסְע רֶע־קָאמֶענְדַאצְיֶעס, עֶר זָאל אִיהְר פֶערְשְׁטֶעהְן גֶעבֶּען וָואס פַאר אַנֵייטִיגֶע זַאךְ עֶס וָואלְט גֶעוֶוען פַאר דֶער קַאטוֹילִישֶׁער קִירְכֶע מֶען זָאל מַאכֶען אַתֵּל פוּן דִי יוּדֶען און זֵייעֶר אֱמוּנָה. בַּיי קוּנִיגוּנְדֶע'ן אִיז זֶעהְר אָנְגֶעלֵייגְט גֶעוֶוען וָואס זִי קֶען זִיךְ אָנְנֶעהְמֶען גָאט'ס קְרִיוְודֶע, און זִי הָאט בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען אַבְּרִיף צוּם בְּרוּדֶער עֶר זָאל אִין דֶער זַאךְ נִיט שְׁווַיינֶען און וֵוינִינְקְסְטֶענְס הֵייסֶען

פֶערְבְּרֶענֶען דֶעם שֶׁעדְלִיכֶען תַּלְמוּד. מִיט קוּנִיגוּנְדֶע'ס בְּרִיעף אִיז פְּפֶעפֶערְקָארְן אַװעגְגֶעפָאהְרֶען גְלַייך צוּ מַאקְסִימִילְיַאן אִין לַאגֶער, אַלֵיין הָאט עֶר מִן הַכְּתָם אוֹיךְ נִיט גֶעזְשַׁאלֶעװעט קֵיין שְׁװַארְצֶע פַארְבֶּען אוּן הָאט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם קֵייזֶער אַז דָאס גַאנְצֶע גְלִיק פוּן דֶער מְדִינָה הַיינְגְט נָאר אָב פוּן דִי עֶטְלִיכֶע גְמָרוֹת װָאס מֶען װֶעט צוּנֶעהְמֶען בַּיי דִי יוּדֶען, אוּן דֶעם 10 טֶען אוֹיגוּסְט 1509 אִיז אַרוֹיס אַ בֶּעפֶעהְל: אַז פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט דָאס רֶעכְט אַרוּמְצוּפָאהְרֶען אִיבֶּער גַאנְץ דַייטְשְׁלַאנְד אִיבֶּערְקוּקֶען דִי יוּדִישֶׁע סְפָרִים, עֶר מֶעג הֵייסֶען פֶערְבְּרֶענֶען דִי דָאזִיגֶע װָאס עֶר װֶעט גֶעפִינֶען פַאר שֶׁעדְלִיךְ אוּן װֶער פוּן דִי יוּדֶען עֶס װֶעט זִיךְ אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען אַקֶעגֶען אִיהְם װֶעט בֶּעקוּמֶען דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטְרָאף.

אַז פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט בֶּעקוּמֶען בַּיים קֵייזֶער אַזַא פַּאפִּיר, װָאס מַאכְט אִיהְם כִּמְעַט פַאר אַ בַּעַל הַבַּיִת אִיבֶּער אַלֶע יוּדֶען, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד גֶעװָארְפֶען קֵיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין, װַייל עֶרְשְׁטֶענְס, זַיינֶען דָארְט גֶעװֶען אַסַךְ לוֹמְדִים אוּן עֶר הָאט בַּיי זֵיי גֶעקֶענְט פַארְנֶעהְמֶען גֶענוּג סְפָרִים, אוּן, צְװֵייטֶענְס, אִיז דָארְט דֶעמָאלְט גֶעװֶעהְן אַ יְרִיד, אוּן דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז עֶס װֶעט אִיהְם גֶערָאטֶען צוּ פֶערְהַאלְטֶען פִיל סְפָרִים, װָאס מֶען הָאט אַהִין גֶעבְּרַאכְט צוּ פֶערְקוֹיפֶען. פּוּנְקְט עֶרֶב סֻכּוֹת, פְרַייטַאג דֶעם 28 טֶען סֶעפְּטֶעמְבֶּער 1509, אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין. עֶר הָאט בַּאלְד גֶעשִׁיקְט צוּנוֹיפְרוּפֶען אַלֶע יוּדִישֶׁע אַיינְװָאהְנֶער אִין שׁוּל אַרַיין, קוֹדֶם כָּל הָאט עֶר בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען אַלֶע סִדוּרִים אוּן אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר נָאךְ גֶעהֵייסֶען פַארְמַאכֶען דִי שׁוּל, כְּדֵי מֶען זָאל דָארְט נִיט קֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען אוּן עֶר זָאל פְרַיי זוּכֶען סְפָרִים אִין יֶעדֶען יוּדִישׁ הוֹיז. דֶערְמִיט אָבֶּער װָאס עֶר הָאט גֶעװָאלְט פַארְשְׁטֶערְן דֶעם יוּדִישֶׁען יוֹם טוֹב הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁטְרִיקֶעל, דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָנְגֶעמַאכְט אַ לַארְם אוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע, װָאס הָאבֶּען גֶעזָאלְט הֶעלְפֶען פְּפֶעפֶערְקָארְן, זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵעהְן פוּן װַייטֶענְס אוּן הָאבֶּען סַיי װִי סַיי גֶעפָאדֶערְט אַז מֶען זָאל דִי זַאךְ אָבְּלֵייגֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶעג בִּיז חוֹל הַמּוֹעֵד. דֶערְװַייל הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעװֶענְדֶעט צוּם אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ פוּן מַאינְץ אוּרִיאֵל פָאן גֶעמִינְגֶען אוּן עֶר הָאט בַּאלְד גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דִי גַייסְטְלִיכֶע זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט מִישֶׁען, אוּן אוֹיף זֵיי קוּקֶענְדִיג הָאט זִיךְ שׁוֹין קֵיינֶער נִיט גֶעװָאלְט רִיהְרֶען אוּן פְּפֶעפֶערְקָארְן אַלֵיין, אָהְן אַ שׁוּם הִילְף בַּיי דֶער זַייט, הָאט גָאר נִיט גֶעקֶענְט מַאכֶען. קוֹים הָאבֶּען דִי יוּדֶען שׁוֹין גֶעהַאט מֶעהְר צַייט, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען: מֶען הָאט צוּשְׁרִיבֶּען בְּרִיעף צוּ אַלֶע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן דַייטְשְׁלַאנְד אַז יֶעדֶער זָאל טְהוּן װָאס עֶר קֶען, װַייל עֶס אִיז אַיין אוּמְגְלִיק פַארְן כְּלַל יִשְׂרָאֵל; אַ שְׁלִיחַ

מְיוּחָד, ר׳ יוֹנָתָן צִיוֹן, הָאבֶּען זֵיי אַהֶעֶנגֶעשִׁיקְט צוּם קֵייזֶער, כְּדֵי עֶר זָאל איהם אוֹיפְקְלֶעהְרֶען אַז אִין פְּפֶעפְּערְקָארְן׳ס מְסִירוֹת אִיז נִיטָא קֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט אֱמֶת, אוּן אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען שׁוּץ־בְּרִיעף פוּן דִי אַלְטֶע דֵייטְשֶׁע מְלָכִים אוּן דִי מְלוּכָה דַארְף זִיךְ נָאר פַּאר זֵיי אָנְנֶעהְמֶען אוּן נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִי הֶענְד פוּן אַפַּאלְשֶׁען שׂוֹנֵא. אוֹיסֶער דֶעם הָאט מֶען גֶעפּוֹעֶלְט בַּיים אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ אוֹרִיאֵל פוּן גֶעמְמִינְגֶען אוּן עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אַבְּרִיעף צוּ מַאקְסִימִילְיַאן, עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען אַז עֶס פַּאסְט נָאר נִיט פַאר דֶער מְלוּכָה זִי זָאל זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען אִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, וָואס נָאר דִי גֵייסְטְלִיכֶע דַארְפֶען דַארוֹיף אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, אוּן הָאט אִיהְם אוֹיךְ פֶערְשְׁטֶעהְן גֶעגֶעבֶּען אַז דִי סַכָּנָה אִיז גָאר נִיט אַזוֹי גְרוֹיס אוּן אַז דִי יוּדִישֶׁע סְפָרִים זַיינֶען דַוְקָא נִיט שֶׁעדְלִיךְ. פְּפֶעפְּערְקָארְן אַלֵיין הָאט דֶער אַרְכִיפִּיעסְקָאפּ אוֹיפְגֶעקְלֶעהְרְט אַז עֶר מוּז דֶערְוַוייל שְׁוַויינֶען, וַוייל אִין דֶעם קֵייזֶער׳ס בֶּעפֶעהְל וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט, אִיז עֶפִּיס גֶעוֶוען אַקְלֵיינֶער טָעוּת, וָואס מֶען הָאט זִיךְ גֶעקֶענְט צוּ אִיהְם טְשֶׁעפֶּען, אוּן דֶערְבַּיי הָאט עֶר אִיהְם אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אַוָוארְט, אַז אוֹיב עֶר מֵיינְט בֶּאֱמֶת נָאר דִי טוֹבָה פוּן דֶער קָאטָאלִישֶׁער אֱמוּנָה דַארְף עֶר נִיט שְׁטֶעלֶען אוֹיף זִיךְ אוּן עֶס אִיז גְלַייכֶער אַז דִי יוּדִישֶׁע סְפָרִים זָאלֶען אִיבֶּערְקוּקֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע גֶעלֶעהְרְטֶע, ווִי ווִיקְטָאר פָאן קַארְבֶּען אוּן יָאהַאנֶעס רֵייכְלִין. אָן דֶעם גֶעדַאנְק הָאט זִיךְ פְּפֶעפְּערְקָארְן אָנְגֶעחַאפְּט אוּן דֶערְפוּן אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַגַאנְץ אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִישׁ.

יָאהַאנֶעס רֵייכְלִין אִיז גֶעוֶוען אַבֶּערִיהְמְטֶער דֵייטְשֶׁער גֶעלֶעהְרְטֶער, וָואס הָאט גוּט גֶעקֶענְט לָשׁוֹן קֹדֶשׁ. צוּם אָנְהוֹיב הָאט עֶר גֶעלֶערֶענְט הֶעבְּרֶעאִישׁ ווִי יֶעדֶע אַנְדֶערֶע אַלְטֶע שְׁפְּרַאכֶע, נָאר אַז עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טִיפֶער זִיךְ צוּ בֶּעקֶענֶען מִיט דֶער בִּיבֶּעל אוּן מִיט אַלֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, אִיז אִיהְם דָאס לָשׁוֹן אַיינְגֶעבַּאקֶען גֶעוָוארֶען אִין הַארְצֶען, ווֶער שְׁמוּעֶסְט אַז עֶר אִיז נָאךְ אִין רוֹים בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט׳ן יוּנְגֶען גְרַאף דְזִשִׁיאָוַואנִי פִּיקָא דֶע מִירַאנְדָאלַא, וָואס אִיז גֶעוֶועהְן אַפַּארְבְּרֶענְטֶער מְקוּבָּל אוּן הָאט אִיהְם גֶעווִיזֶען אַסַךְ שֵׂכֶל׳דִיגֶע פֵּירוּשִׁים אוֹיף דֶער תּוֹרָה, הָאט עֶר זִיךְ נָאר אִין גַאנְצֶען אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין לֶערְנֶען. שְׁפֶּעטֶער אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין לִינְץ אוּן הָאט דָארְט גֶעפוּנֶען ר׳ יַעֲקֹב לָאאַנְס, דֶעם לַייבּ־דָאקְטָאר פוּנ׳ם אַלְטֶען קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶעם דְרִיטֶען, הָאט עֶר גֶעהַאט אַוואוּלֶען רֶבִּי׳ן, אוּן אַזוֹי אִיז עֶר גֶעוָוארֶען נִיט נָאר אַיוֹדֵעַ סֵפֶר, נָאר טַאקִי אַשְׁטַארְקֶער בָּקִי. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר נָאךְ גֶעלֶערֶנְט תּוֹרָה בַּיי ר׳ עוֹבַדְיָה סְפוֹרְנוֹ אוּן נִיט אֵיין מָאהל פְלֶעגְט מֶען אִיהְם זֶעהְן אִין דֶער

יוּדִישֶׁער גַאס וִוי עֶר הָאט זִיךְ גֶעמִישְׁט צְווִישֶׁען לוֹמְדִים אוּן הָאט פֶערְבְּרַאכְט גַאנְצֶע טֶעג אוֹיף צוּ חַאפֶּען עֶפֶּעס אַגוּט וָוארְט. דֶעם עֶרְשְׁטֶען חִבּוּר, וָואס רֵייכְלִין הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר אָנְגֶעפִּיהְלְט מִיט שְׁבָחִים אוֹיף דֶער הֶעבְּרֶעאִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע. עֶר הָאט זֶעהְר שְׁטַארְק גֶעלוֹיבְּט דָאס קוּרְצְקַייט אוּן דָאס שַׁארְפְזִינִיגְקַייט פוּן יֶעדֶען וָוארְט, אוּן הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז נִיט אוּמְזִיסְט רֶעכֶענְט זִי זִיךְ פַאר הֵיילִיג אוּן הָאט גֶעהַאט דִי זְכִיָה אַז אִין אִיהְר זָאל דִי תּוֹרָה אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַגְרַאמַאטִיק. כְּדֵי אַנְדֶערֶע קְרִיסְטֶען זָאלֶען אוֹיךְ קֶענֶען לֶערְנֶען הֶעבְּרֶעאִישׁ אוּן הָאט טַאקִי גֶעהַאט עֶטְלִיכֶע תַּלְמִידִים, וִוי סֶעבַּאסְטִיאַן מִינְסְטֶער אוּן וִוידְמַאנְשְׁטַאדְט, וָואס הָאבֶּען בַּיי אִיהְם גֶעלֶערְנְט לָשׁוֹן קֹדֶשׁ. נָאר וִוי רֵייכְלִין הָאט נִיט לִיב גֶעהַאט דִי הֶעבְּרֶעאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע, וִוי גוּט אוּן פְרוּם עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר זִיךְ פָארְט נִיט גֶעקֶענְט בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶער שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען, וָואס פְלֶעגְט אִיבֶּער- גֶעהְן צוּם קְרִיסְט צוּזַאמֶען מִיט דֶער מוּטֶער'ס מִילְךְ. אוּן דֶערְפַאר הָאט מֶען אָפְּט פוּן אִיהְם גֶעזֶעהְן אַזַא בִּיטֶערְן הַאס צוּם יוּדִישֶׁען פָאלְק וָואס וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעקֶענְט זַיין וַוייךְ הַארְץ, זַיין אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט דֶעם אֶמֶת, זַיין דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען פַאר יוּדִישֶׁע לוֹמְדִים, הָאט זִיךְ נָאר גֶעמוּזְט חִדוּשׁ'ן. עֶר הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נִיט גֶעשֶׁעהְמְט אָנְצוּשְׁרַייבֶּען אַבֶּעזוּנְדֶער סֵפֶר, אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט דִי יוּדֶען גֶעשָׁאלְטֶען מִיט טוּיטֶע קְלָלוֹת אוּן גֶעדְרוּנְגֶען אַז קֵיין עֶרְגֶערְס פוּן זֵיי אִיז גָאר נִיטָא, חָאטְשׁ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער הָאט עֶר זִיךְ דַארוֹיף גֶענוּג גֶעשְׁלָאגֶען עַל חֵטְא.

אַוַדַאי הָאבֶּען אַלֶע שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל גֶערֶעכֶענְט רֵייכְלִין פַאר אֵיינֶעם פוּן זֵייעֶר חֶבְרָה, אוּן אַז פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהְם בֶּעהִילְפִיג זַיין אִין זַיין זַאךְ, הָאט עֶר אִיהְם צוּגֶעזָאגְט. דֶערְוַוייל הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעטְהוּן זֵייעֶרְס אוּן ר' יוֹנָתָן צִיוֹן צוּזַאמֶען מִיט ר' יִצְחָק טְרִיעֶסְט, וָואס אִיז גֶע- וֶוען אַגְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי מַאקְסִימִילְיַאן, הָאבֶּען שׁוֹין כִּמְעַט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם קֵייזֶער עֶר זָאל מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵרָה. צוּם אוּמְגְלִיק, הָאט זִיךְ אָבֶּער נָאךְ אַמָאל אָנְגֶעזָאגְט פְּפֶעפֶערְקָארְן מִיט אַנַייעֶם בְּרִיף פוּן דֶער פְּרִינְצֶעסִין קוּנִיגוּנְדֶע. עֶר הָאט אִיהְם דֶערְצֵעהְלְט וָואס פִיר אַשְׁרֶעקְלִיךְ עַוְלוֹת דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען, אוּן וִוי זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעגֶען זַיין בֶּעפֶעהְל אוּן הָאט בַּיי אִיהְם דֶעם 10 טֶען נָאוֶועמְבֶּער 1509, אוֹיסְגֶענַארְט נָאךְ אַשְׁטַארְקֶערְן פַּאפִּיר, נָאר דָאס הָאט מַאקְסִימִילְיַאן אִין זִין גֶעהַאט אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט פֶער- לָאזֶען נָאר אוֹיף פְּפֶעפֶערְקָארְן'ס מְבִינוֹת אַלֵיין אוּן מֶען זָאל בֶּעשְׁטִימֶען אַגַאנְצֶע

קָאמִיסְיֶע, אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּנ'ם אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ אוּרִיאֵל, וָואס זָאל בֶּע־שְׁטֵעהְן פוּן פֶּערְשִׁידֶענֶע גֶעלֶעהְרְטֶע פוּן קֶעלְן, מַאינְץ, עֶרְפוּרְט אוּן הֵיידֶעלְ־בֶּערְג, אוּן מֶען זָאל אוֹיךְ צוּ דֶער אַרְבַּייט צוּשְׁלֶעפֶּען יָאהַאנֶעס רֵייכְלִין אוּן וִויקְטָאר פָּאן קַארְבֶּען. מִיט דֶעם נַייֶעם בֶּעפֶעהְל אִין דִי הֶענְד, הָאט פְּפֶעפֶּערְקָארְן זִיךְ נָאךְ אַמָאהְל גֶעלָאזְט קֵיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין אוּן הָאט דֶעמָאלְט צוּגֶענוּמֶען פוּפְצֶעהְן הוּנְדֶערְט גֶעשְׁרִיבֶּענֶע סְפָרִים. דָאס אֵיינֶענֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט אוּן הָאט זִיךְ גֶענוּג נוֹקֵם גֶעוֶוען אָן דִי יוּדֶען פַאר זֵייעֶר עַקְשָׁנוּת. פְּפֶעפֶּערְקָארְן'ס כַּעַס אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען דוּרךְ דֶעם, וָואס עֶר אִיז נִיט גֶעוֶוען קֵיין נְקִי כַּפַּיִם אוּן הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אַז דִי יוּדֶען וֶועלֶען זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען אָבְצוּקוֹיפֶען מִיט גֶעלְד; בַּיי דִי יוּדֶען אִיז אָבֶּער שְׁוֶוער עֶס זָאל זַיין אַחְדוּת, אַסַךְ יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט לָאזֶען קָאסְטֶען, אוּן דַארִיבֶּער הָאט מֶען נִיט גֶעקֶענְט צוּנוֹיפְנֶעהְמֶען פוּן זַיינֶעט וֶועגֶען אַזַא מָנָה יָפָה וָואס מֶען זָאל קֶענֶען דֶערְמִיט אִיהְם פֶּערְשְׁטָאפֶּען דֶעם מוֹיל. עֶרְשְׁט אַז פְּפֶע־פֶּערְקָארְן הָאט זִיךְ רֶעכְט צוּפִיהְרְט דִי הֶענְד אוּן הָאט נִיט אוֹיסְגֶעלָאזְט קֵיין אֵיינְצִיג אָרְט, אִיז גֶעוָוארֶען אַרַעשׁ צְווִישֶׁען אַלֶע קְהִלּוֹת אוּן מֶען הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּנוֹיפְזַאמְלֶען אַלֶע כּוֹחוֹת אוּן זֶעהְן פַּטְר'ן דִי צָרָה.

עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁפֶּעט. מֶען הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז פְּפֶע־פֶּערְקָארְן מֵיינְט נָאר דִי מַטְבֵּעַ, עֶס הָאט אִיהְם אָבֶּער נִיט גֶעפַּאסְט פְּלוּצְלוּנְג זִיךְ אָבְזָאגְען פוּן זַיינֶע חֶפְצוֹת, אוּן דָא זַיינֶען נָאךְ הִינְטֶער זַיינֶע פְּלֵייצֶעס גֶע־שְׁטַאנֶען דִי קַאטָאלִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען טַאקִי גֶעוָואלְט דִי יוּדֶען עוֹקֵר מִן הַשֹּׁרֶשׁ זַיין, אוּן דֶערְפַּאר אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶוען זִיךְ מִיט אִיהְם אוֹיסְצוּגְלַייכֶען, אוּן דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ טוֹבוֹת פוּן גְרוֹיסֶע לַייט, וָואס הָאבֶּען נִיט דֶערְלָאזְט מֶען זָאל זֵיי שְׁלֶעכְטְס טְהוּן. קוֹדֶם כָּל הָאט זֵיי דֶער אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ אוּרִיאֵל גֶעשִׁיצְט דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט אֵיינְצִיגְוַויז צוּנֶעהְמֶען נִיט אֵיין יוּדִישֶׁען סֵפֶר בִּיז מֶען וֶועט נִיט אִיבֶּערְקוּקֶען אַלֶע סְפָרִים מִיט אַמָאל אוּן מֶען וֶועט אַקוּרַאט וִויסֶען וֶועלְכֶע זַיינֶען כָּשֵׁר אוּן וֶועלְכֶע—פָּסוּל. דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ דִי זַאךְ פֶּערְצוֹיגֶען אִין דֶער לַאנְגֶער בַּאנְק אַרַיין. פְּפֶעפֶּערְקָארְן הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט פְּרָאוֶוען טְשֶׁעפֶּען דִי מוֹכְרֵי סְפָרִים וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען מִיט זֵייעֶר סְחוֹרָה קֵיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין אוֹיפ'ן יְרִיד, נָאר עֶס אִיז אִיהְם אוֹיךְ נִיט גֶע־גַאנְגֶען, וַוייל דִי מוֹכְרֵי סְפָרִים זַיינֶען גֶעוֶוען פוּן פְרֶעמְדֶע עֶרְטֶער אוּן יֶעדֶער פוּן זֵיי הָאט זִיךְ פֶּערְרוּפֶען אוֹיף דֶעם כֹּחַ פוּן זַיין מְלוּכָה. אַוַדַאי הָאט פְּפֶעפֶּערְקָארְן נִיט גֶעקֶענְט אַזוֹי גוּט אוֹיסְפִיהְרֶען זַיין זַאךְ, אוּן וָואס מֶעהְר צַייט עֶס אִיז אַוֶועק

געגאַנגען איז דער עולם געוואָרען מעהר מבינים אויף זיין דרך און די קריסטען אַליין האָבען זיך אויך אָנגעהויבען שטויסען אז ער לייגט זיך גאר אַזוי ניט אַוועק פאַר דער קדושה. דאס האָט איהם געצוואונגען אַרויסצוזאָגען אַנייעם ספר און פון איין זייט דאָרט אויפהויבען דעם קייזער מאַקסימיליאַן ביז צום זיבעטען הימעל און פון דער אַנדערער זייט אויסטראַכטען אויף די יודען פרישע בלבולים. דאס מאהל האָבען איהם אָבער אַזעלכע צוויי זיכערע מיטעל, ווי חניפה און שקר, ניט געהאָלפען: דער קייזער האָט גאר אין גאַנצען אַ שפּיי געטהון אויף די אַלע קאָפּדרעהעניסען, עס איז איהם נמאס געוואָרען שטענדיג נאר האָבען צו טהון מיט יודישע ספרים, ער האָט מבטל געוועהן זיין פריהעריגע גזרה און האָט געהייסען מען זאָל אומקעהרען די יודען די ספרים, וועלכע מען האָט ביי זיי צוגענומען און מען זאָל וואַרטען ביז ער וועט וועגען דעם אַרויס־געבען אַנייעם בעפעהל. דאס איז געשעהן דעם 23טען מאַי 1510 און אויף די יודען איז געקומען גאר אַ אונגעריכטע ישועה. זייער פרייד איז אָבער געווען גאר אַקורצע, ווייל טאַקי באַלד האָט זיך געמאַכט איין אומגליק מיט די יודען פון בראַנדענבורג: מען האָט דאָרט בעגַנבעט אַ קירכע, און אַז מען האָט גע־חאַפּט דעם גנב האָט ער דעם גאַנצען חטא אַרויפגעלייגט אויף די יודען און האָט דערציילט אַז זיי האָבען איהם אָנגעשטעלט. דער קורפירסט יאָאַכים דער ערשטע האָט עס אָנגענומען פאַר תורת אמת, ער האָט געשטעלט אויף די רייד פונ'ם גנב און האָט געהייסען פערברענען אַכט און דרייסיג יודען, וועלכע האָבען דעם 19טען יולי 1510 זייער לעבען ווי קדושים געענדיגט. אַזאַ מעשה איז די גייסטליכע שטאַרק צו ניטץ געקומען, זיי האָבען שוין געהאַט דאס רעכט אָפּען צו שרייען אין די נאַסען אַז די יודען זיינען רוצחים און עס איז נאָך גאר וועניג וואָס מען טהוט זיי. דעמאָלט האָט זיך פּפעפּערקאָרן ווייטער גענומען צו זיין זאַך, מען האָט נאָך אַמאָל אָנגעשטעלט די פּרינצעסין קוניגונדע זי זאָל ניט שווייגען און אַז מאַקסימיליאַן איז געקומען קיין מינכען זיך זעהן מיט איהר, האָט זי פאַר איהם געוויינט און געחלש'ט ער זאָל חאָטש איהר צו ליב טהון דאס קלייניגקייט און זאָל בעניי'ען די גזרה וועגען די יודישע ספרים. דער קייזער האָט דאָ אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרעהען, דער שוועסטער אָבזאָגען האָט זיך איהם ניט געגלויבט און נאָך שווערער איז איהם געווען אַרויסצוזייען אַז פּפעפּערקאָרן'ס מסירות האָבען ביי איהם עפּעס אַוועקטה, דאריבער איז ער געפאַלען אויף אַ שכל און האָט דעם 6טען יולי 1510 געגעבען דעם אַרכיעפּיסקאָפּ אוריאל אַנייעם בעפעהל אַז ער זאָל וועגען דער

שַׁאֵלָה פון די יודישע סְפָרים פָאדֶערן מֵיינונגען בַּיי הָאכְשְׁטְרַאטֶען, תִּיקְטָאר פון קַארְבֶּען און יָאהַאנֶעס רֵייכְלִין. די יודֶען זַיינֶען בַּיי זִיךְ שְׁטַארק אַרָאבְּגֶעפַאלֶען און בֶּעוָואנְדֶערְט הָאבֶּען זֵיי גֶעצִיטֶערְט פַאר רֵייכְלִין'ס דֵעָה, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען דֶער אֵיינְצִינֶער לַמְדָן, וָואס וָואלְט זִיךְ גֶעקֶענְט טְשֶׁעפֶען וֶוען עֶר ווִיל נָאר, און דֶערְצוּ הָאט עֶר זֵעהְר פַּיינְד גֶעהַאט יודֶען. זֵייעֶר פַּחַד אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אומְזִיסְט. רֵייכְלִין הָאט דַוְקָא בֶּעווִיזֶען אַז מֶען מֶעג אַפָּאלְק נִיט לִיב הָאבֶּען און פון דֶעסְטְוֶועגֶען קֶען מֶען זָאגֶען דֶעם אֱמֶת. עֶר הָאט אַיינְגֶעטְהֵיילְט די יודִישֶׁע סְפָרִים אִין זֶעקְס פֶעשִׁידֶענֶע קְלַאסֶען און הָאט עֶרְקְלֶעהְרְט אַז אויסֶער דֶער תּוֹרָה, וָואס אִיז גְלַייךְ הֵיילִיג בַּיי אַלֶע, זַיינֶען די פֵּירוּשִׁים פון רש"י, אִבְּן עֶזְרָא, רד"ק, ר' משֶׁה גרוּנְדִי און ר' לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן (רלב"ג) פוּל מִיט חָכְמָה און מוּסָר, מֶען גֶעפִינְט דָארְט נִיט קֵיין שׁוּם זַאךְ וָואס זָאל חָלִילָה אָנְרִיהְרֶען דֶעם כָּבוֹד פון פְרֶעמְדֶע אֱמוּנוֹת און בֶּע־זָאנְדֶערְס פון דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן. דֶעסְטְגְלַייכֶען זַיינֶען רֵיין דֶערְפוּן די אִיבְּרִיגֶע יודִישֶׁע חֲקִירָה־סְפָרִים. וָואס הָאבֶּען דֶעם תַּכְלִית נָאר צוּ פֶערְבְּרֵייטֶען וִויסֶענְשַׁאפְט אִין פָאלְק. וֶועגֶען דֶעם תַּלְמוּד הָאט רֵייכְלִין זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעהְמְט מוֹדֶה צוּ זַיין אַז עֶר פֶערְשְׁטֵעהְט אִיהְם זֶעהְר וֵוייניג און דֶערְפַאר רֶעכֶענְט עֶר, אַז די אַלֶע וָואס שְׁרַייעֶן אַז מֶען מוּז אִיהְם פֶערְבְּרֶענֶען, פֶערְשְׁטֶעהֶען אִיהְם נָאךְ וֵוייניגֶער און הָאבֶּען דֶערְבַּיי גָאר אֵיין אַנְדֶער מֵיין. אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט זִיךְ רֵייכְלִין גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם אַלֶף און הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז, עֶרְשְׁטֶענְס, זַיינֶען די יודֶען פוּנְקְט אַזֶעלְכֶע אַיינְוָואהְנֶער אִין דַייטְשְׁלַאנְד ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע און מֶען מוּז זֵיי שִׁיצֶען צוּזַאמֶען מִיט אַלֶע קִינְדֶער פוּנ'ם לַאנְד און, צְווֵייטֶענְס, אַז מֶען טָאר זֵיי נִיט מִשְׁפָּט'ן ווִי גֶעגְנֶער פון דֶער קִירְכֶע, וַוייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר אֱמוּנָה און קֶענֶען גָאר נִיט זַיין קֵיין גֶעגְנֶער פון אַזַא זַאךְ, וָואס זֵיי גֶעהֶערֶען זִיךְ דֶערְמִיט גָאר נִיט אָן. סוֹף כָּל סוֹף הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זַיין דֵעָה אַז מֶען זָאל די יודִישֶׁע סְפָרִים נִיט אָנְרִיהְרֶען און מֶען זָאל בֶּעסֶער אִין יֶעדֶער אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט בֶּעשְׁטִימֶען צְווֵיי פְּרָאפֶּעסָארֶען, וָואס זָאלֶען לֶערְנֶען לָשׁוֹן קֹדֶשׁ און גְמָרָא און דֶערְמִיט מֶעהְר מְקָרֵב זַיין די יודֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען מִיט גוּטֶען און מִיט פְרַייעֶם ווִילֶען אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם.

אִין דֶער צַייט וָואס רֵייכְלִין הָאט ווִי אַאִישׁ אֱמֶת גֶעשְׁרִיבֶּען זַיין מֵיינוּנְג, אִיז קֵיינֶעם נִיט אַיינְגֶעפַאלֶען אִין קָאפּ אַרַיין אַז עֶר קֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַזַא מִשְׁפָּט, וַוייל מֶען הָאט גֶעוואוּסְט מִיט וָואס פַאר אַהַאס עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג רֵיידֶען פון יודֶען; דַארִיבֶּער הָאבֶּען זִיךְ די שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל מִיט זַיין הִילְף גֶעוָואלְט עֶרְשְׁט

רעכט צופיהרען די הענד, זיי האבען פערשטאנען אז זיי האבען אויף וועמען זיך צו פערלאזען, און ווי באלד רייכלין וועט נאר געבען זיין הסכמה וועט שוין קיינער גאר קיין קשיות ניט פרעגען. אזוי האבען די קעלענער גייסליכע, צוזאמען מיט האכשטראטען און וויקטאר פאן קארבען, געמאכט אזא פסק מען זאל צונויפנעהמען אלע ערטער פון דער גמרא און אנדערע ספרים, וואס מען רעכענט אז זיי זיינען שעדליך, און מען זאל זיי ווייזען די יודען, וועלען זיי מודה זיין אז די אלע ערטער זיינען טאקי שעדליך—דארפען זיי אליין מסכים זיין מען זאל זיי פערברענען, וועלען זיי זיך אבער אנהויבען שפארען—איז א סימן אז די יודען אליין זיינען געפעהרליכע מענשען און מען מוז בעטען דעם קייזער ער זאל פון זייערטוועגען איינפיהרען איין אינקוויזיציאנס-גערכט. די מאינצער געלעהרטע זיינען געגאנגען נאך ווייטער און האבען געדרונגען אז די תורה מוז מען אויך פארברענען, ווייל די ביבעל איז אין לשון קדש ניט ריכטיג אנגעשריבען און די פערגרייזנטע לאטיינישע איבערזעצונג איז קלאמערשט בעסער. ווער ווייסט צו וואלטען זיי ניט געווען אויסגעפיהרט ווען זיי מאכען אליין ניט קאליע דעם גאנצען פלאן מיט איין נארישקייט.

רייכלין האט מיט רעכט געדיינקט אז די גאנצע זאך דארף צוגעהן בסוד, און וואס פאר אבעפעהל די מלוכה זאל דערנאך ניט ארויסגעבען טאר קיינער ניט וויסען די מיינונגען וואס מען האט ארויסגעזאגט; דאריבער האט ער זיין דעה אויפגעשריבען אויף פאפיר, פערחתמ'ט מיט זיין חתימה און האט עס דורך א שליח מיוחד אוועקגעשיקט צום ארכיפיסקאפ אוריאל, כדי ער זאל עס איבערלייענען און ווייטער פערזארגען צום קייזער. פפעפערקארן האט אבער אזוי געדרעהט מיט שווינדעל אז נאך איידער רייכלין'ס בריף איז אנגעקומען צו מאקסימיליאן, האט ער שוין געוואוסט זיין מיינונג און איהם מיט דער גאנצער חברה איז פינסטער געווארען אין די אויגען, זיי האבען אבער ניט לאנג געטראכט און האבען זיך ענטשלאסען ארויסצושפרינגען געגען רייכלין, איהם עפענטליך זידלען און אזוי ערנידריגען אז זיין דעה זאל שוין ניט שפילען אזא וויכטיגע ראלע און זאל זיי ניט שאדען. מיט דער כונה האבען די קעלענער גייסטליכע ארויסגעלאזט אויף דער וועלט, אונטער פפעפערקארן'ס נאמען, א ספר וואס האט געהייסען: „דער האנדשפיגעל" און וואס שילט רייכלין מיט טויטע קללות דערפאר וואס ער איז פלוצלונג אנגעטרעטען פון זיינע פריהעריגע איבערציינונגען און האט זיך געלאזט איבערקויפען פון די ניכטסווירדיגע יודען. דאס האט שטארק פערדראסען רייכלין און ער איז באלד אוועגעפאהרען

צום קייזער זיך קלאגען. מאקסימיליאן האט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד און האט איהם צוגעזאגט אז ער וועט הייסען מאכען א גוטען חקירה ודרישה און וועט שטרענג בעשטראפען די שולדיגע; נאר קוים איז רייכלין אוועק־געפאהרען האט ער שוין פערגעסען דאס ווארט, וואס ער האט איהם געגעבען, און פפעפערקארן'ס בוך איז זיך דערווייל צוגאנגען איבער גאנץ דייטשלאנד. רייכלין האט אקוק געטהון אז עס איז קיין תכלית ניט, איז ביי איהם געבליבען ער זאל אליין זיך אננעהמען זיין קריוודע, און ער האט אין יאהר 1511 אנ־געשריבען זיין בעריהמט ספר „די ברילע", אדער „אויגענשפיגעל", און עס האט זיך אזוי געפיהרט אז צוליב זיין כבוד האט רייכלין געמוזט ווערען א מליץ יושר פאר יודען און האט זיך גוט אבגערעכענט מיט זייערע שונאים. ער האט זיי אויסגעוויזען זייערע אלע פאלשקייטען און ליגענס; מיט דעם כח פון איין עהרליכען מאמין, וואס פיהלט זיך אין קיין זאך ניט שולדיג, האט ער זיי געשטראפט פאר דעם רכילות, וואס זיי האבען אויסגעטראכט אז די יודען האבען איהם געלד געגעבען. מיט גאוה האט ער פריי מודה געווען אז ער האט גענומען ביי די יודען אסך וויכטיגערע זאכען פון געלד, אז ביי זיי האט ער געשעפט זיין גאנץ געלערענטקייט, נאר דאס איז קיין בושה און קיין עולה ניט, ווייל פיל גרויסע לייט פון קריסטען, ווי דער הייליגער געראנימוס און ניקאלאי דע ליראַ, האבען געלערענט ביי יודען. אחוץ דעם האט זיך שוין רייכלין אנגענומען פאר'ן תלמוד. מיט שכל האט ער פארענטפערט אלע ערטער, וואס די שונאים האבען אנגעוויזען, און האט פערשטעהן געגעבען אז אזעלכע גראבע יונגען, ווי פפעפערקארן און זיין כנופיא, מוזען זיך פריהער לערנען פשוט'ע עברי און ניט זוכען חסרונות אין תלמוד. מען קען זיך פארשטעלען וואס פאר א שמחה רייכלין'ס ספר האט אנגעמאכט צווישען יודען און וואס פאר א געטומעל עס איז געווארען צווישען די שונאים: טויזענדער ביכער זיינען פאר־שפרייט געווארען נאר אין א קורצער צייט, אומעטום האט מען געלייענט „די בריל" און אנגעקוועלט פון רייכלין'ס בעווייזע. וואס מעהר פפעפערקארן האט געשריען—מעהר גוטע פריינד האט רייכלין בעקומען און פון אלע זייטען האבען איהם די גרעסטע געלעהרטע אבגעשיקט מיט בריף און האבען איהם געדאנקט דערפאר וואס ער האט זיך ניט געפוילט אראבצורייסען די מאסקע פון נידריגע און מאוס'ע עזות־פנים'ער.

דא האט זיך ערשט אנגעהויבען א רעכט קאכעניש, ווייל חאטש עס האט געהייסען אז רייכלין האט נאר צו טהון מיט פפעפערקארן, פון דעסטוועגען

איז אָבער פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אַז פּפעפערקאָרן איז נאָר דאָס כּפּרה הינדעל, און אַז די שטיינער, וואָס מען וואַרפט אויף איהם, טרעפען די גרויסע גייסטליכע, וואָס מיט זייער כּח האָט ער אָנגעאַרבּייט די גאַנצע צרה. אַוודאַי האָט עס זיי ניט געלאָזט רוהען, און טאַקי צוליב דעם וואָס זיי האָבען זיך פיל ערלויבט איז זיי בּעשערט געווען אַזוי אָרענטליך בּעצאָהלט צו ווערען. איינער פון די גייסטליכע אין פראַנקפורט אַם מאַין פּעטער־מייער, האָט אויסגערופען אין דער קירכע אַז פּפעפערקאָרן וועט די אַנדערע וואָך אין איום טוב דרשן׳ן געגען רייכלין׳ס ספר און האָט געבּעטען דעם עולם מען זאָל איהם קומען הערען. דאָס פאָלק האָט דווקא געפאָלגט און האָט זיך אין דעם בּעשטימטען טאָג געשטופּט צו דער קירכע. נאָר עס האָט זיך דערפון אויס־געלאָזט אַ חוזק, ווייל חאַטש פּפעפערקאָרן איז געווען געטויפט זיינען איהם פאָרט געבּליבּען אַלע יודישע תּנועות און געערעדט האָט ער נור יודיש־דייטש; אַוודאַי האָבען זיינע רייד געבּראַכט נאָר די מענשען צום לאַכען, און אַזוי ווי די דרשה האָט ער געמוזט זאָגען אין דרויסען פאַר דער קירכע, ווייל איננוויינינג האָט ער, ווי אַ וועלט־מענש, קיין רעכט ניט געהאַט צו דרשן׳ן, האָט זיך שוין דער עולם געהאַלטען מיט וויינינגער דרך ארץ: בּיי יעדען וואָרט, בּיי יעדער בּעוועגונג, האָט מען זיך בּיי די זייטען געהאַלטען און עס איז דערפון אַרויסגעקומען פּונקט דער היפך: זיי האָבען געמיינט דאָס פאָלק אונטערצו־צינדען און צום סוף איז דערפון געוואָרען אַ פּוסטע קאָמעדיע.

אַז דער פּלאַן איז ניט געראָטען און די גייסטליכע האָבען אַקוק געטאָהן אַז מיט פּפעפערקאָרן׳ס הענד וועלען זיי גאָר ניט מאַכען, האָט זיך יאַקאָב האָכשטראַטען ענטשלאָסען אַליין אָנהויבּען צו אַרבּייטען, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ אינקוויזיציאָנס־ריכטער און האָט געהאַט דאָס רעכט צו משפּט׳ן אַלע אפּיקורסים וואָס זיינען געגנער פון דער קאַטאָלישער רעליגיאָן, האָט ער געשיקט זאָגען רייכלין אַז אין אַ צייט פון זעקס טעג זאָל ער זיך שטעלען צום משפּט פאַרן בּית דין אין מיינץ, וואָס וועט איבּערקוקען זיין ספר און וועט אַרויסגעבּען אַ פּסק צו מעג מען עס לייענען אָדער מען מוז עס פאַרבּרענען. האָכשטראַטען איז אַוודאַי געווען וועה וואָס ער קען ניט הייסען צוזאַמען מיט׳ן ספר אויך דעם מחבר אַריינוואַרפען אין פייער, נאָר ער האָט זיך שוין געוואָלט בּעגניגען דערמיט וואָס מען וועט חאַטש רייכלין׳ס „בּריל“ אויפבּראַמען און זי וועט זיי אויפהערען שטעכען די אויגען. רייכלין האָט זיך ניט ווידערשפּעניג גע־מאַכט און צום בּעשטימטען טאָג, דעם 20טען סעפּטעמבּער 1513, איז ער געקומען

צום מִשְׁפָּט. הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט זִיךְ בֶּעוָֹארֶענְט און הָאט פְרִיהֶער צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען בַּיי אַזֶעלְכֶע גֶעלֶעהְרְטֶע, ווִי עֶר אַלֵיין אִיז גֶעווֶעהְן, מֵיינוּנְגֶען ווֶעגֶען רֵייכְלִין'ס סֵפֶר; דֶערְפַאר הָאט עֶר נִיט גֶעוָֹאלְט הֶערֶען ווֶען רֵייכְלִין'ס גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרֶאוּווט רֵיידֶען פוּן שָׁלוֹם, אוּן גָאר אִין אַקוּרְצֶער צַייט אִיז אַרוֹיס דֶער מִשְׁפָּט אַז מֶען זָאל רֵייכְלִין'ס סֵפֶר פֶערְבְּרֶענֶען. אַשִׂמְחָה אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דִי גַייסְטְלִיכֶע, ווָאס הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט זֵיי בֶּעפְרַייט פוּן וִכּוּחִים און הָאט זֵיי גֶעווִיזֶען אַז מִיט אֵיין קוֹיל פַייעֶר קֶען מֶען מְבַטֵּל זַיין יֶענֶעמ'ס טַעֲנוֹת און מֶען דַארְף זִיךְ מֶעהְר נִיט שְׁפַּארֶען. מֶען הָאט צוּשִׁיקְט שְׁלוּחִים אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד אוּן מֶען הָאט מוֹדִיעַ גֶעוועֶהְן אַז יֶעדֶער ווָאס הָאט בַּיי זִיךְ רֵייכְלִין'ס סֵפֶר אִיז מְחוּיָב אִיהְם צוּצוּשְׁטֶעלֶען קֵיין מַאינְץ, און ווִי בַּאלְד מֶען ווֶעט שְׁפֶּעטֶער בַּיי אֵיינֶעם גֶעפִינֶען אַזַא סֵפֶר ווֶעט עֶר בֶּעקוּמֶען אַגְרוֹיסֶען עֹנֶשׁ. טוֹיזֶענְדֶער בִּיכֶער הָאט מֶען שׁוֹין צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען און עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוועֶהְן בֶּעשְׁטִימְט דֶער טָאג פוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׂרֵפָה. דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶען זִיךְ שׁוֹין גֶעזֶעהְן נָאהֶענְט צוּם צִיעל און הָאבֶּען אַזֹשׁ גֶעטַאנְצְט אִין דִי גַאסֶען פַאר פְרֵייד. נָאר אַז דָאס הָאלְץ אִיז שׁוֹין גֶעווֶען אָנְגֶעגְרֵייט, דֶער קָרְבָּן אִיז שׁוֹין גֶעלֶעגֶען פוּן אוֹיבֶען און נָאר אֵיין שְׁווֶעבֶּעלֶע הָאט גֶעפֶעהְלְט אַז רֵייכְלִין'ס גֶעדַאנְקֶען זָאלֶען אַוֶועק מִיט'ן רוֹיךְ, אִיז פְּלוּצְלוּנְג אָנְגֶעקוּמֶען אַשָׁלִיחַ מְיוּחָד מִיט אַבֶּעפֶעהְל פוּנ'ם אַרְכִיפִּיסְקָאפּ אוּרִיאֵל אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט דֶערְווֶעגֶען צוּ רִיהְרֶען צוּ רֵייכְלִין'ס סְפָרִים און מֶען זָאל וואַרְטֶען אַגַאנְצֶען חֹדֶשׁ בִּיז עֶר אַלֵיין ווֶעט נִיט אִיבֶּערְקוּקֶען דֶעם מִשְׁפָּט. דָאס אִיז גֶעווֶען אַשַארְפֶער קְלַאפּ פַאר הָאכְשְׁטְרַאטֶען מִיט זַיין חֶבְרָה. דַארוֹיף הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גָאר נִיט גֶערִיכְט. מִיט חַרְפָּה און בּוּשָׁה זַיינֶען זֵיי זִיךְ צוּגַאנְגֶען און רֵייכְלִין מִיט אַלֶע עֶרֶעלֶע לִיבְּהָאבֶּער פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען אַקָאפּ. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַוַדַאי עֶס אוֹיךְ בֶּעטְרַאכְט פַאר אַיְשׁוּעָה, און בֵּיי דֶער גְרוֹיסֶער אֲסִיפָה פוּן דִי רַבָּנִים אִין ווָארְמְס הָאבֶּען זֵיי מִיט דַאנְקְבַּארְקַייט צוּגֶע־רֶעכֶענְט רֵייכְלִין צוּ דֶער קְלֵיינֶער צָאהְל פוּן דִי גוּטְהֶערְצִינֶע בֶּעשִׁיצֶער ווָאס גָאט שִׁיקְט זֵיי צוּ אִין יֶעדֶען דוֹר זֵיי זָאלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי הָמָנ'ס און זֵיי גוֹבֵר זַיין.

רֵייכְלִין הָאט אַוַדַאי הֲנָאָה גֶעטְהוּן ווָאס דִי הַצְלָחָה הָאט אִיהְם אַבִּיסְעל צוּגֶעשְׁפִּילְט און עֶר הָאט דֶערְלֶעבְט אַשְׁטִיקֶעל נְקָמָה אָן זַיינֶע שׂוֹנְאִים, נָאר עֶר אִיז בַּיי זִיךְ נִיט גֶענַארְט גֶעווֶען, עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט אַז דִי קַאטוֹילִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע זַיינֶען גְרוֹיסֶע עַקְשָׁנִים און אַז גָאר אִין גַאנְצֶען שְׁטִיל בְּלַייבֶּען ווֶעלֶען זֵיי גֶעווִיס נִיט, דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ זוּכֶען הִילְף בַּיים פַּאפְּסְט

לֶעאָ דֶעם צֶעהְנְטֶען, נָאר אַזוֹי ווִי עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז זַיינֶע גֶעגְנֶער זָאלֶען זִיךְ אַהִין נִיט וַוארְפֶען מִיט דֶער מַטְבֶּעַ, הָאט עֶר זִיךְ גֶעזוּכְט אַצַד און הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען זֶעהְר אַשֵׁעהְנֶעם בְּרִיף אוֹיף לְשׁוֹן קֹדֶשׁ צוּם פַּאפְּסְט'ס לַייבּ־דָאקְטָאר, בָּאנֶעט דֶע לַאטֶעס און הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל, ווִי אַ יוד, רֵיידֶען אַגוּט וָוארְט און זָאל דֶעם פַּאפְּסְט אַרוֹיפְבְּרֵיינְגֶען אוֹיף דֶער גוּטֶער מַחֲשָׁבָה צוּ שִׁיצֶען דִי גֶערֶעכְטֶע זַאךְ וָואס אִיז נוֹגֵעַ דֶעם אֶמֶת און אוֹיךְ דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל. רֵייכְלִין'ס וֶועג אִיז גֶעוֶועען אַגְלַייכֶער. דוּרְךְ'ן יוּדִישֶׁען דָאקְטָאר הָאט עֶר אַלְצְדִינְג גֶעפּוֹעֶל'ט, און דֶעם 21טֶען נָאוֶועמְבֶּער 1513 אִיז שׁוֹין אַרוֹיס אַבֶּעֶ־פֶעהְל פוּן'ם פַּאפְּסְט מֶען זָאל זֶעצֶען אַבֶּעזוּנְדֶער קָאמִיסְיָאן פוּן עֶהְרְלִיכֶע אוּנְ־גֶעלֶעהְרְטֶע לַייט, וָואס זָאלֶען בֶּעטְרַאכְטֶען דָאס מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען רֵייכְלִין און הָאכְשְׁטְרַאטֶען און זָאגֶען וֶוער עֶס הָאט רֶעכְט. מֶען הָאט בַּאלְד בֶּעשְׁטִימְט וֶוער עֶס זָאל זַיין דִי בּוֹרְרִים, פַאר'ן שָׁלִישׁ הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ פוּן שְׁפַּייעֶר, גֶעאָרְג, און מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּערְקוּקֶען אַלֶע טַעֲנוֹת פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען. הָאכְשְׁטְרַאטֶען מִיט זַיין בַּאנְדֶע הָאט אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען אַז צְווִישֶׁען אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען קֶענֶען זֵיי גֶערֶעכְט נִיט בְּלַייבֶּען און דֶערְפַּאר הָאט עֶר נָאר נִיט גֶעוָואלט קוּמֶען און דִי זַאךְ הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעצוֹיגֶען עֶטְלִיכֶע חֲדָשִׁים בִּיז אִין חֹדֶשׁ אַפְּרִיל 1514 אִיז אַרוֹיס דֶער פְּסַק, אַז רֵייכְלִין'ס סֵפֶר אִיז רֵיין פוּן אַלֶע חֲטָאִים, וָואס מֶען הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, אַז וֶועגֶען יוּדֶען הָאט עֶר גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם רֵיינֶעם אֶמֶת, אַז מֶען מֶעג עֶס פְרַאנְק און פְרַיי דְרוּקֶען און פֶערְקוֹיפֶען און אַז דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ אוּמְזִיסְט צוּ אִיהְם גֶעטְשֶׁעפֶּעט.

אַזַא קְלָאהְרֶער מִשְׁפָּט הָאט הָאכְשְׁטְרַאטֶען ווִי אַדוּנֶער פֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם קָאפּ, נוּר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעוֶועלְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען. עֶר הָאט אוּמֶעטוּם אַרוּמְגֶעשִׁיקְט זַיין חֶבְרָה מֶען זָאל לַאכֶען און חוֹזֶק מַאכֶען פוּן דֶעם מִשְׁפָּט, מֶען זָאל שְׁרַייעֶן אַז נָאר גְרָאבֶּע יוּנְגֶען הָאבֶּען גֶעקֶענְט אַזוֹי פַּסְקְנֶען, און פֶּפֶעפֶערְקָארְן הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נִיט גֶעפוּילְט אִין קֶעלְן אַרָאבְּרַייסֶען דִי קָאפִּיֶע פוּן דֶעם מִשְׁפָּט פוּן אַוַואנְד, וואוּ זִי אִיז גֶעוֶועען אוֹיפְגֶעקְלֶעבְּט. הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעהַאט אַמַחְשָׁבָה זָרָה אַז מִיט גֶעלְד וֶועט עֶר בְּלַייבֶּען תַּקִיף, און דֶער אָרֶעמֶער רֵייכְלִין וֶועט נִיט קֶענֶען בַּיישְׁטֵעהְן גֶעגֶען אִיהְם, אַז עֶס וֶועט אִיהְם גֶערָאטְהֶען אִיבֶּערְצוּקוֹיפֶען אִין רוֹם אַפָּאר קַארְדִינָאלֶען און אַז סוֹף כָּל סוֹף וֶועט דֶער פַּאפְּסְט זִיךְ נֵייגֶען אוֹיף זַיין זַייט. אַוַדַאי אִיז עֶר נִיט מִיד גֶעוָוארֶען וַוייטֶער צוּ אַרְבַּייטֶען אִין זַיין זַאךְ, און הָאט צוּשִׁיקְט בְּרִיף צוּ דִי פְּרָאפֶעסָארֶען פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען און בֶּעזָאנְדֶערְס

פון פּאריז, כּדי ער זאָל האָבּען אויף װעמען זיך סומך זיין. דערמיט האָט ער זיך אָבּער אַליין קאַליע געמאַכט און האָט גורם געװען אז דער צד שׂכּנגד זאָל װערען פעסטער, װייל רייכלין האט געהאט געװנוג גוטע פריינד צווישען די עדעלערע מענשען, װאס זיינען ניט צופרידען געװען מיט די הנהגות פון די גייכטליכע, צו זיי זיינען צוגעשטאַנען אסך װאס האבען ניט אזוי פיעל געמיינט צו שטיצען דעם אַלטען געלעהרטען פּראָפעסאר װי צו טהון אויף צו להכעיס דעם ביזען האכשטראטען, און אַזוי איז געװאָרען אַ שטאַרקע חברה, װאס האָבען זיך גערופען רייכלינ׳יסטען און האָבּען געהאלטען פאר אַהייליגען חוב אָנצוהויבען אַמלחמה מיט די קנעכט פון פינסטערנים און נארישקייט. צווישען די רייכלינ׳יסטען האט מען געקענט בעמערקען ניט נאָר דעם נייעם דור, װי די בעריהמטע הערמאן פאם בושע, קראָטוס רובּיאנוס און אולריך פאָן הוטטען װאָס האָבען הויך אויפגעהויבען די פאָהן פון מענשעגליכע נאָר אויך עלטערע און נאָר בכבוד׳ע מענשען, װי דער הערצאָג אולריך פאָן װירטעמבּערג, גראף פאן עלפּענשטיין, גראף פאָן נוענאר און נאך זעהר פיל גרויסע לייט פון רעגענשבורג ניריענבּערג, אוינגס־בּורג און אפילו עטליכע קארדינאַלען אין איטאליען. בעזאנדערס איז שטאַרק צוגעבונדען געװאָרען צו רייכלין דער גייסטליכער עגידיאָ פאָן װיטערבאָ, װאס האט געלערענט תורה ביים גרויסען מדקדק ר׳ אליהו לעוויטאַ, און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ליבּשאפט צו דער יודישער ליטעראַטור און מיט זיין לאַטיינישער איבערזעצונג פונ׳ם „זוהר“. ער האָט רייכלין זעהר געשעצט און האָט איהם געשריבען, אז ער האָט דער קריסטליכער קירכע געטהון די גרעסטע טובה דערמיט װאס ער האט אָבגעראַטעװעט די יודישע ספרים פון פייער, װייל אין זיי זיינען אַלע יסודות פון אמת און אמונה.

אזוי האט זיך פון אַקליינע שאלה, װאס האט אייגענטליך נאר די יודען בעריהרט, צוברענט אַגרויס פייער, װאס האט זיך שוין אַריבערגעחאפּט איבער דער גרענעץ פון דייטשלאנד און האט אָנגעשפּארט גאנץ װייט—אין פּאַריז און רום. האָכשטראַטען האט צובלאָזען דאס פייער אין ביידע ערטער: פון פּאריז האָט ער געװאָלט בעקומען איין הסכּמה אויף זיין דעה װעגען רייכלין׳ס „בּריל“ און די יודישע ספרים, און אין רום האָט ער זיך געקלאָגט אויפ׳ן משפט פונ׳ם עפּיסקאָפּ פעאָרג און האָט גערעכענט אַז מיט געלד װעט ער אַלצדינג איבערדרייהען; רייכלין׳ס גוטע פריינד האבען אָבּער ניט געשװיגען און די יודען אליין, װאס זיי האָט ניט געפּאסט עפּענטליך אַרויסצוטרעטען, האָבּען

